אויסגאַבע פֿון דיא פוילישע סאָציאַליסטישע פאַרטיי

קארל קויטסקי.

# דיא אונאבהענגיגקייט פון פוילען

(איבערזעצט מיט דעם רשות פֿון מחבר





לאנדאן

גערדוקט אין דער דרוקערייא פֿון פ. פ. ס.

1901.

# פון דיא הערויסגעבער.

דער מחבר פון דעם ביכעל, דער בערוהמטער דייטשער געלערנטער און פובליציסט — קאַרל קויטסקי (געב. אין יאָהר 1854 אין וויען) — איז איינער פון די גרעסטע פאָרשטעלער פון דעם וויססענשאַפטליכען סאָציאַליזמוז אין עאָראָפּע. נאָך מאַרקס׳ן און ענגעלס׳ן האָט קיין שום טעאָרעטיגער פון סאָציאַליזמוז נישט געמאַכט קיין זויא א׳ן איינפלוס וויא קויטסקי. ס׳איז ניטאָ קיין פראַגע, וועלכע פערזאונטערעסירט נאָר אַללע גענאָססען, און וועלבע קויטסקע זאָלל נישט קיין אנטהייל נעמען אַרויסטרעטענדיג מיט פערשיעדענע אַרטיקלען, אָדער גאַנצע ביכער און מיט ריידעס אויף די דייטשע און אינטערנאַציאָנעלע קאָנגרעסען. ווערט אַלזאָ זיין מיינונג, וועלבע איז אַללע מאָל אַזוי קלאָר, לאָגיש און מיט פיעל אמת אַרויסגערעדט, געהערט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט דורך אַללע סאָציאַליסטען.

זיינע ארטיקלען און ווערק זיינען איבער געזעצט אויף אַללע שפראַכען פון דער ציוויליזירטער וועלט.

קויטסקע איז איינער פון די סאָציאַליסטען, וועלבע ווייסען און פערשטעהען אַם בעסטענס נישט נאָר די בעציהונגען פון מעריב-עאָראָפּע, נאָר אויך די אונטערנאַציאָנעלע איבערהויפט. און דער הינזיכט קען מען איהם דרייסט שטעללען נעבען, מאַרקס׳ן, ענגעלס׳ן און ליעבקנעכטען.

און טאַקי צוליעב דעם, אַז קויטסקע קען און פערשטעהט אונזערע בעציהונגען, טרעט ער שטענדיג אַרויס ענערגיש אין דעם פערטהיידיגונג פון דער פאָדערונג פון אַ **אונאבהענגיגע פוילישע רעפובליק**, אַזוי וויא דאָס האָבען שטענדיג געטוהן מאַרקס און ענגעלס.

ווער עס וועט דאָס ביכעל, געשריבען דורך אַ׳ן אונפאַרטייאישען געלעהרטען, אויך אַ פרעמדער פיר דיא פאָלאַקען, אַ דורכלעזען דער קען נישט נישט בעטראַכטען פאַר ריכטיג דיא פאָדערונג, וועלכע פ. פ. ס. האָט אויפגעשריבען אויף איהר פאָהן און וועגען וועלכען זיא קעמפפט אונאויפהערליך מיט דער רוססישער רעגיערונג.

דיא בראָשורע אוז אַ איבערזעצונג פון ק. קויטסקי׳ס אַ׳ן אַרטיקעל, געשריבען דורך איהם צוליעב דער רעזאָלוציע פון פ. פ. ס. אויף דעם אינטערנאַציאָנאַללען קאָנגרעס אין לאָנדאָן (1896). מיר האָבען זיך אַלזאָ ערלויבט אַרויסצוואַרפען דעם סוף פון דעם אַרטיקעל, ווייל יעצט נאָך דעם לאָנדאָנער קאָנגרעס איז גאַנץ איבעריג. מיר האָבען אויך אַ דורכגעלאָזט דעם נאָמען פון דיא פערזאָן, מיט וועלכע קויטסקי פאָלעמיזירט, און אויף זיין אָרט האָבען מיר געשטעלט „די געגנער פון פ. פ. ס. פראָגראַם".





די סאָציאַליסטישע געגנער פֿון דעם פּאָליטישען פּראָגראַם פֿון פּ. פּ. ס. ברענגען געוועהנליך דריי אורזאַכען, פֿיר וועלכע די פּוילישע סאָציאַל-דעמאָקראַטען דאַרפֿען ניט, לויט זייער מיינונג, אַרויסצושטעלען דיא פֿאָדערונג פֿון דער אונאַבהענגיגקייט פֿון פוילען:

1) דיא אויבענגענאַנטע פֿאָדערונג קען נישט פֿערווירקליכט ווערען אין דעם היינטיגען געזעללשאַפֿטליכען אָרדנונג, קען זיא אַלזאָ ניט אַריינגיין אין פּראָגראַם דורך דער זעלבער אורזאַכע וואָס אויך דער בערוהמטער אַללגעמיינער סטרייק אין דעם פֿאַל פֿון אַ מלחמה, וועלכער דער אננעהמער זיינער איז געוועזען ניאָווענהויז.

2) דיא פאָדערונג איז ניט עפּעס אַנדערש, וויא אַ שטרעבונג צו אַ ענטגעגענזעצונג דיא עקאָנאָמישע ענטוויקלונג, וועלכע פֿיהרט צו אַ'ן אָרגאַנישער בעהעפֿטונג די וויכטיגסטע טהיילען פֿון פוילען צו רוסלאַנד.

3) יעדער טהעטיגקייט אין דעם זינען פֿון דעם פּראָגראַם וואָלט איינגעשפּאַנט דיא פוילישע סאָציאַל-דעמאָקראַציע אין דער בויד פֿון דעם קליינבירגערליכען נאַציאָנאַליזמוז און וואָלט זיי דערווייטערט אין יעדער פֿון דיא דריי טהיילען פֿון פוילען פֿון די נעהנסטע פּראַקטישע אויפֿגאַבען, וועלכע אין יעדען פֿון די עררויבונגס רייך זיינען פֿערשיעדען און פֿערלאַנגען איבעראַל אַ גענויע מיטווירקונג (בייזאַממען אַרבייטען) פֿון דעם פוילישען פּראָלעטאַריאַט מיט די דייטשע, עסטרייכישע און רוססישע גענאָססען.

אַם קורצענסטענס קענען מיר זיך אבפֿערטיגען מיט דער ערשטער פֿון די אויבענגענאַנטע פֿאָרווירפֿע, וועלכע זיי שטאַממען פֿון דעם נישט ריכטיגען און פֿערקעהרטען פֿערשטעהן דעם עקר פֿון דעם סאָציאַליסטישען פּראָגראַם.

דיא מאָאָס אין דעם אבטאַקסירען אונזערע פּראַקטישע פֿאָדערונגען, אויב זיי זיינען בפּרוש בעצייכענט אין דעם פּראָגראַם, אָדער זיי בעשטעהן אין דער שטילל פֿיר אַנגערקענטע פּאָסטולאַטען (פֿאָדערונגען),

עס איז נישטאָ דיא מעגליכקייט פֿון זייער פֿערווירקלי־כונג ביי די היינטיגע קרעפֿטען, נאר דיא הינזיכט, אויב זיי וועלען זיך לאָזען פֿערגלייכען מיט דעם עקזיסטירענדען געזעללשאַפֿטליכען אָרדנונג, און אויב זייער פֿערווירקליכונג וועט קענען פֿערגרונגערען דעם פראָלעטאַר־יאַט׳ס קלאַססען־קאַמפּף, און טרייבען איהם פֿאָרוועררטס אויף דעם וועג צו דער פּאָליטישער מאַכט. די קרעפֿטען אין זייער בעציהונג אין דעם מאָמענט נעמען מיר דערביי ניט אונטער דער בעטראַכטונג. אַ סאָציאַליסטישער פראָגראַם בילדעט מען ניט אויף דער מינוט, ער דאַרף בעאַנטוואַרטען, אויף וויפֿיעל דאָס איז מעג־ליך, אַללע עווענטואַליטעטען (מעגליכע פֿעללער). דערביי דאַרף דער פראָ־גראַם דיענען ניט נאָר פֿיר די טעהטיגע אַרויסטרעטונגען, נאָר אויך פֿיר פּראָפּאַגאַנדא. זיין אויפֿגאַבע מוז זיין צו ווייזען דעם וועג, מיט וועלכען מיר בעשטומען צו געהן, אין דעם ליכט פֿון די קאָנקרעטע (ווירקליך בע־שטעהענד) פֿאָדערונגען, אין אַ מעהר פֿערשטענדליכען אַרט, אַלס דאָס זאָל־טען געקענט טוהן די טעאָרעטישע בעווייזען. וואָס ווייטער מיר קענען אין דעם אַרט טרייבען אונזערע פראַקטישע פֿאָדערונגען ניט אַראָבגייענדיג דער־בוי אויף דעם קרומען וועג פֿון דער אָטאָפּיע (חלומות׳דיגע פּאָליטיק), — דעסטאָ בעסער; דעסטאָ פֿערשטענדליכער וועט זיין פֿיר דיא מאַססע און פֿיר די אַללע, וועלכע זיינען ניט אומשטאַנדע צו פֿערשטעהן אונזערע טעאָ־רעטישע פרינציפּען (כללים), די ריכטונגען, אין וועלכע מיר געהן.

דער פראָגראַם דאַרף אָנווייזען דאָס, וואָס מיר פֿון דעם יעצטיגען געזעללשאַפֿט אָדער שטאַאדט פֿערלאַנגען, און נישט דאָס, וואָס מיר פֿון זיי האָפּ־פֿען. זאָלען מיר נעמען צבש. דעם פראָגראַם, פֿון די דייטשע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטען. ער פֿערלאַנגט דאָס אויסוויילונג פֿון די אורזענדניקעס דורכ׳ן פֿאָלק. דער פֿערלאַנג, אויב מיר וועלען איהם מעסטען מיט דער זעלבער מאָאָס פֿון די געגנער פֿון דער אונאַבהענגיגקייט פֿון פוילען, וועט ער זיך בעווייזען ניט וועהניגער אָטאָפּיסטיש, וויא דאָס גרונדונג פֿון אַ פוילישעס רייך. קיינער גיבט זיך ניט איבער דער פֿערבלענדעניש, אַז דאָס אויסוויי־לען אורזענדניקעס דורכ׳ן פֿאָלק וועט מעגליך זיין איינצופֿיהרען אין דייטש־לאַנד ביי די געגענווערטיגע פּאָליטישע בעדינגונגען. מיט דעם זעלבען רעכט, מיט וועלכען מ׳קען אננעמען, אַז דאָס פוילישע רייך וועט אויפֿשטעהן ערשט מיט דער מנוט ווען דער פראָלעטאַריאַט וועט איבערנעמען דיא פּאָ־ליטישע מאַכט, קען מען דאָס זעלבע אויך אננעמען איבער דעם אויבענגע־נאַנטען פֿערלאַנג. האָט דאָס דען געזאָלט זיין דיא אורזאַכע אום דיא פֿאָ־דערונג אויסצושליעסען פֿון אונזער פראַקטישען פראָגראַם?

אבער זאָלען מיר נעמען אַ עהנליכע פֿאָדערונג, וועלכע אין אמת׳ן איז ניט אויסגעדרוקט אין דעם פראָגראַם פֿון די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַ־טען, נאָר דאָך לעבט זיא אין דער ברוסט פֿון יעדען סאָציאַליסט — דער פֿערלאַנג פֿון אַ רעפּובליק. אַ דייטשע רעפּובליק איז ניט זאָגאַר אויף אַ האָאָר נעהענטער אדער גרינגער צו עררייכען פֿון דיא אונאַבהענ־

גיגקייט פֿון פוילען. נאָר מ׳קען דאָך אָבער ניט פֿעראיבעל האַבען אויף די דייטשע סאָציאַל-דעמאָקראַטען, אַז זיי זיינען רעפובליקאַנער. און דאָס, וואָס איז ריכטיג פֿיר די דייטשען, בלייבט אויך ריכטיג פֿיר די פּאָלאַקען. און וויא באַלד די לעצטע זיינען רעפובליקאַנער, אַוואָס׳ר זאָל זיין זייער אידעאַל? צי קען מען אננעמען, אַז זיי וויללען זיין בירגער (בעל-הבתים) פֿון אַ דייטשע רעפובליק, אַ עסטרייכישע (?!) אָדער גאָר פֿין אַ רוססישע? אויב זיי וויללען אַ רעפֿובליק, איז אויף אזא אַרט קענען זיי נאָר וועללען איינע ד. ה. אַ פֿוילישע. ווער עס פֿערוועהרט די פוילישע סאָציאַליסטען צו שטעלען דיא פֿאָדערונג פֿון דיא אונאַבהענגיגקייט פֿון פוילען, צוליעב דעם, ווייל דאָס איז היינט ניט מעגליך צו עררייכען, דער דאַרף אויך זיי פֿערוועהרען צו זיין רעפֿובליקאַנער. גאַנץ ניט ריכטיג איז דער פֿערגלייך פֿון דער רעזאָלוציע פֿיר דיא אונאַבהענגיגקייט פֿון פוילען, וועלכע דאַרף זיין פֿאָרגעשטעלט דעם אינטערנאַציאָנאַלען קאָנגרעס, מיט דער האָללענדערישער (* רעזאָלוציע פֿיר דעם אַללגעמיינעם סטרייק. דיא לעצטע פֿאָדערט אַ בעשטימטען טהאַט אין דער אויסגעזעצטער צייט. שטעללענדיג אזא אַרט פֿאָדרונג, מוזען מיר ווירקליך נעמען אונטער דער בעטראַכטונג די מאָמענטאַלע בעציהונג פֿון די קרעפֿטען. ווער עס נעמט אויף זיך דעם עול אויסצופֿירען אַגעוויסען טהאַט אין אַ אויסגעזעצטע צייט, ניט האָבענדיג זאָגאַר אַ טהייל קרעפֿטען, וועלכע זיינען נייטיג צו ערפֿילען דאָס אינטערנעמונג, דער איז אַ משעוגה׳נער אָדער אַ בלאַגער, און אויך א געוויססענלאָזער מענש, ווארום דורכ׳ן אינטערנעמען זיך אזא אויפֿגאַבע בעשאַפֿט ער אַ וואַזשנע געפֿאַהר.

זאָגאַר דער שטרענגסטער קריטיקער וועט אַזעלכעס ניט געפֿונען אין דער פוילישער רעזאָלוציע. ווען זיא זאָלט אַרויפֿגעלייגט אויף יעדען פראָלעטאַריער דעם עול אַרויסצוטרערען, צבש., דען 1-טען מייא אין 1897 יאָהר אין ווארשא, אין דעם ציעל דאָרט צו גרונדען אַ פוילישע רעפֿובליק, אויף אזא אַרט וואָלט זיא געשטאַנען אויף דער זעלבער מדריגה פֿון ניאָווענהויז׳ס רעזאָלוציע. אין דער ווירקליכקייט אבער איז עס נאָר אַ געוועהנליכער אויסדרוק פֿון סימפּאַטיע, ס׳קען נאָר האָבען אַ מאָראַלישען איינפֿלוס. זאָגאַר דאַנן, ווען דיא אונאַבהענגיגקייט פֿון פוילען זאָל גאָר ניט מעגליך זיין צו פֿערווירקליכען פֿאַר דעם איבערנעמען דיא פּאָליטישע מאַכט דורכ׳ן פּראָלעטאַריאַט, זאָגאַר דאַנן וואָלט דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס אויף זיך ניט אַרויפֿגעצויגען דיא פֿאָרווירפֿע פֿון אָטאָפּיע, אַזוי וויא מ׳קען אויך קיין פֿאָרווירפֿע ניט מאַכען דער אינטערנאַציאָנאַלישער פֿעראייניגונג, וועלכע האָט זיך ערקלערט אין איהר צייט פֿיר דיא אונאַבהענגיגקייט פֿון פוילען.

צי איז דיא אונאַבהענגיגקייט ווירקליך אַזאַ האָפֿנונגסלאָזע זאַך, אַזוי וויא דאָס דאכט זיך די געגנער פֿון דער פֿוילישער סאָציאַליסטישער פארטיי? זיי נעמען אָן, אַז דיא עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פֿון רוססיש-פוילען קאָוועט

(* ניאָווענהויז איז אַ האָללענדער.

זיא צו וואָס אַ מאָהל מעהר צו רוססלאַנד, און אַז אין פּוילען דער אינטע-רעס פּון קיין שום קלאַססע, וועלכע האָט היינט אַ איינפּלוס, פּאָדערט ניט דיא אונאַבהענגיגקייט פּון דעם לאַנד.

דיא אַמאָליגע פּאָרשטעהער פּון דער נציאָנאַלער אידעע — דיא דראָבנע שלאַכטע — איז געוואָרען אין דער גרעסטער טהייל פּערניכטעט, און דיא רעשט פּון זיי האָבען ניט קיין כח, אויך קיין חשק צו פּיהרען דעם וויי-טערדיגען קאַמפּף מיט דעם רוססישען יאָך. אין דער זעלבער צייט, ווען דיא שלאַכטע איז געפּאַלען, האָט זיך אין פוילען בעוויזען אַ נייע הערשענדע און אַ עקספּלאָאַטירענדע קלאַססע: דיא אינדוסטריעלע בורזשואַזיע (פּאַברי-קאַנטען א. ז. וו.) דיא אבער — אין דעם גענצליכען קאָנטראַסט צו דער בורזשואַזיע פּון אַנדערע לענדער — האָט אין גאַנצען ניט דאָס פּאַטריאָטישע געפיהל. זיא איז בעשטאַנזן אַם מעהרסטענס פּון דייטשען און יודען, וועלכע זיינען געוועזען אין זייער אַרט אַ דייטשער עלעמענט. דער פּונ-דאַמענט פּון איהר עקאָנאָמישע ענטוויקלונג איז געוועזען דיא פּעראייניגונג פּון פוילען מיט רוססלאַנד.

ווען נאָך דער קרים׳ער מלחמה איז דיא רוססישע רעגיערונג געוועזען גענייט אַוועקצוריקען דיא איינהאַלטונג פּון דער אינדוסטריעלע ענטוויקלוג, און אין יאָהר 1851 האָט דיא זעלבע רעגיערונג בטול געמאַכט דעם צאָל-גרענעץ צווישען פוילען און רוססלאַנד, אום דער ערשטער וואָס שטאַרקער צו צו קאָוען צו דער צווייטער, ס׳איז אויפגעשטאַנען פּיר דיא פוילישע אינ-דוסטריע אַ צייט פּון אַ הערליכע ענטוויקלונג.

דאָס קען קיינער ניט אָבלייקענען, אַז דיא ענטוויקלונג האָט מיטגע-ווירקט אין אַ גרויסער שטופּע אָבצושוואַכען דיא נאַציאָנאַלע אידעע אין רו-ססיש-פּוילען, אַלזאָ אין דער וויכטיגסטער טהייל פּון פוילען. נאָר פּון דעם איז נאָך זעהר ווייט אָבצושטומען, אַז דיא אונאַבהענגיגקייט פּון פוילען איז דורך דער אורזאַכע בעגראָבען, אַזש צו דעם פּראָלעטאַריאַט׳ס נצחון.

פּאָר אַללעם מוזען מיר אויפמערקזאַם מאַכען די געגנער פּון דעם פּאָליטישען פּראָגראַם פּון פּ. פּ. ס., אַז דיא שטרעבונג, וועלכע זיי דאַכט זיך אַללעס בעשטענדיגע, איז נור אַ פּערבייגייענדע פּאַזע, אויף וועלכע מ׳קען אויף דעם פּונקט אַזוי נישט רעכנען, וויא אויף דיא טראַדיציע פּון דיא שלאַבעטסקע פוילען. דיא גליקליכע צייטען פּון פּערדיענען אָהן אַרבייט האָבען זיך שוין אויסגעלאָזט אויך אין דער „קאָנגרעסאָווקע". דיא עקסטענ-סיווע קראַפּט פּון דער גרויסער קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטריע איז צו שטאַרק, אום אויף לאַנג זאָל ערגעץ-וויא קענען דוירען אַ צייט פּון אַ מעכטיגע עקאָנאָמישע ענטוויקלונג. ווען דיא אינדוסטריע אין פוילען האָט זיך ענטוויקעלט מיט אַ פּערוואונדערליכע שנעלליגקייט, איז איהם אויסגעוואַקסען אַ מעכטיגער קאָנ-קורענט אין רוססלאַנד. און צווישען דיא צווייא קאָנקורענטען האָט זיך אָנ-געפּאַנגען אַ שטורמישער קאַמפּף איבער דעם עאָראָפּעישען און דעם אַזיאַ-טישען מאַרק. די קאַפּיטאַליסטען אין פוילען הויבען זיך אָן צוליעב דעם צו בעקענען מיט דער צווייטער זייט פּון מעדאַל, דיא פּעראייניגונג פּון פוילען

מיט רוססלאַנד, וועלכע איז פיר זייא ביז יעצט געוועזען אַזוי נוטצליך, ברענגט זייא יעצט וועהניג אַנגענעהמע פיר זייא ערפאָלגע. זייא הויבען שוין אָן צו פיהלען, אַז דער פּאָלאַק אין רוססלאַנד איז אַ מענש פון אַ מין געמיינער גאַטטונג און אַז פּוילען איז אַבהענגיג פון רוססלאַנד׳ס אייגעווילינקייט. די רוססישע רעגיערונג מישט זיך אַריין אין דעם קאָנקורענץ-קאַמפף צווישען דיא פּאָלאַקען און רוססען און ווירקט אויף דעם שאַדען פון די ערשטע. עס איז נאָך נישט איינגעריכטעט דער צאָל-גרעניץ צווישען פוילען און רוססלאַנד, אבער יעצט שוין דרוקען דיא פּוילישע קאָנקורענציע: העכערע פּאָדאַטקעס, דיא פּאָליטיק פון דיא באַהנען-טאַריף, וועלכע בעשווערט צו איבערפיהרען פּוילישע סחורות, און פערגרינגערט די רוססישע טראַנספּאָרטען, וויא נאָך פערשיע-דענע אַנדערע שטערונגען. מיר מאַכען דאָ אויפמע רקזאַמאויף די בעלעהרענטע פאַקטען אין דעם הינזיכט, וועלכע ווערען געברענגט אין דעם אַרטי-קעל פון .S, G *): „די אינדוסטריעלע פּאָליטיק פון רוססלאַנד אין די פּוי-לישע פּראָווינצען", אויך אין דעם אַרטיקעל פון דעם זעלבען שרייבער, וועלכער ערגענצט דיא אויבערשטע: „בייטראַג צו דער געשיכטע פון דער אַגראַרנער פּאָליטיק פון רוססלאַנד אין איהרע פּוילישע פּראָווינצען". *) *) דאָס ערשטע פון די אַרטיקלען ענדיגט זיך מיט די ווערטער: „פוילען ווערט יעצט בעהאַנדעלט אַלעס אַ אויסלענדישעס רייך, מיט וועלכען עס ווערט געפיהרט אַ עקאָנאָמי-שער קאַמפף, און וועלכע איז בערויבט פון דיא מיטלען צו וועהרען זיך גע-גען די פערפאָלגונגען פון דער רוססישער רעגיערונג".

דיא מלחמה פון רוססלאַנד מימ די פּאָלאַקען וועט נאַטורליך ווערען וואָס אַ מאָהל ענערגישער געפיהרט, אויף וויפיעל דיא אינדוסטריע וועט זיך ענטוויקלען אין די ביידע לענדער און דער וואוקס פון דעם איינפלוס פון דער צאַרישער רעניערינג. אין דער זעלבער שטופע מוז וואַקסען אַ פיינדליכער בעציהונג צו דער רוססישער הערשונג בייא דיא פּוילישע בורזשואַזיע, וועל-כע דיא נאַציאָנאַלע אידעע בעקומט צו איהר אַ צוטריט און זיא מוז זיך אַנ-פאַנגען צו פעראינטערעסירען מיט דער אונאַבהענגיקייט פון פּוילען. און דאָס געלעגענהייט, אַז אין גאַליציען און אין פּרייסיש-פּוילען עקזיסטירט נאָך נישט קיין גרויסע אונדוסטריע, אַז אין דיא לענדער וואָהנען נישט קיין קאָנקורענטען, נור פערברויכער, און דורך דעם זאָלטען די געגענדער פערזיכערט דיא אינ-דוסטריע פון דעם אונאַבהענגיגען פעראייניגטען פּוילען אַ מאַרק, וועלכער זאָלט איהר אומגעקעהרט פיעל מעהר דעם שאָדען פון פערליערען דעם רוס-סישען מאַרק, וועלכען זייא פערליערען איהם שוין אַזויא אויך צו ביסליכווייז. דאָס געלעגענהייט וועט דאַכט זיך נישט שטעהרען די נאַציאָנאַלע שטרעבונ-גען און די אויגען פון די פּוילישע בורזשואַזיע. צוליעב דעם פערליערט שוין דעם ווערטה דיא בעהויפּטונג פון דיא געגנער פון דעם פּאָליטישען פּראָגראַם פון פ. פ. ס., אַז „דאָס אויפבויען און דיא פעראייניגונג פון פּוילען ליעגט נישט אין די אינטערעססען פון איהר עקאָנאָמישע ענטוויקלונג, וועלכע איהרע

*) נומ. 51, יאָהר Neue Zeit, 1894

*) *) נומ. 40, יאָהר 1896, Neue Zeit

פּאָרשטעלער זיינען טאַקי דיא פּוילישע בורזשואַזיע", אויך אַז דיא אונ־אַבהעניגקייט פֿון פוילען וואָלט געדאַרפֿט זיין אַרויפּגעוואָרפֿען דער בורזשו־אַזיע דורכ'ן פּראָלעטאַריאַט. אין אמת'ן איז דיא היינטיגע בורזשואַזיע נישט רעוואָלוציאָנער, זיא איז קיינמאָל נישט געשטאַנען אין דיא פֿאָדערשטע ריי־העען פֿון דער רעוואָלוציע, און היינט פֿיהלט זיא צו דעם און אין רוססלאַנד און אין פוילען נאָך אַ קנאַפּערען חשק, וויא אַ מאָל. דיא פּוילישע בורזשואַזיע וועט קיינמאָל נישט אַרויסשטעלען איהרע פלייצעס פֿיר דיא אונאַבהעניגקייט פֿון פוילען. נאָר דאָס איז גאָר נישט נייטיג. דיא אונאַבהעניגקייט פֿון פוי־לען וועט נאָך געפֿונען אַנדערע קעמפּפֿער, וועלכע וועלען ענערגישער אַרויס־טרעטען און איהר שוטץ.

עס רעדט זיך מיט אַזאַ מין לייכטקייט איבער דיא קליינבירגער. די קלאַססע האָט כמעט קיין שום ווערטה פֿיר דעם הערשענדען היינט פּראָדוק־ציאָן סיסטעם, און דער טעאָרעטיקער, וויללענדיג ערפֿאָרשען דאָס לעצטע, קען ער זייא אין גאַנצען אויסמיידען, און פֿערנעמען זיך נאָר מיט די קאַפּיטאַ־ליסטען און פּראָלעטאַריאַט. אבער דער פּראַקטישער פּאָליטיקער וואָלט גע־מאַכט אַ גרויסען טעות, ווען ער זאָל וועלען אַזוי וויא דער טעאָרעטיקער פֿון דער קאַפּיטאָליסטישער ווירטהשאַפֿט, בעטראַכטען די קליינבירגער אַל־לעס נול.

די קליינבירגער בילדען אין די אַנפֿאַנגען פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג אַ גרויסע מאַססע שטאָדטס־איינוואָהנער. פֿערהעלטניסמעסיג, ד.ה. אין דער בעציהונג צום פּראָלעטאַריאַט, זיין צאָהל אין דער מאָס פֿון דער ענטוויקלונג פֿון דעם היינטיגען אַרט פּראָדוקציאָן פערקלענערט זיך שנעלל, אבער אונפֿערהעלטניסמעסיג קענען זייא טראָץ דיעזעם אויפֿוואַקסען; אין אַ טהייל רעזולטאַטען וואַקסען זייא זאָגאַר פֿערהעלטניסמעסיג, אין דער בעצי־הונג צו דער אַללגעמיינער בעפֿעלקערונג, ווארום די שטעדטישע איינוואָהנער פֿערגרעסערען זיך מיט אַ געמעסיגער שנעליגקייט. דאָס צוקוממען מענשען פֿון דאָרף פֿערגרעסערט דיא צאָהל נישט נור פֿון פּראָלעטאַריאַט, נור אויך פֿון די קליינבירגער. דיא קאָנקורענציע פֿון די גרויסע קאַפּיטאַליסטישע אונ־טערנעמענגען פֿיהרט צו די קליינע צום אַבפֿאַלען, אבער זיא ריקט זייא נישט אַוועק מימ דער זעלבער שנעלליגקייט, נאָר זיא איבערבילדעט דעם כאַראַקטער פֿון די קליינע אינטערנעמונגען, זיא ריקט נישט אַוועק אימעדום צבש. דעם בעל־מלאכה, נור זיא בילדעט איהם אָפּט'ס איבער אויף אַ לאַטאַטש אויף אַ סוחר מיט פֿאַבריק סחורות אדער אויף אַ פֿערמיטלער צווישען דעם פֿאַבריקאַנט און די אַרבייטער, (וויא צבש. די לוינקעטניקעס אין וועבער־פֿאַך). אַם ענדע דער פּראָלעטאַריאַט זעלבסט, וואַקסענדיג אונאויפֿהערליך, גרונדעט אַ לאָנקע, אויף וועלכען עס פֿיטערען זיך אַ גאַנצע מחנה קליינבירגערליכע פּאַראַזיטען — קרעמרס, שענקערס א. ז. וו. דאָס אבפֿאַלען פֿין דיא קליינבירגער, וועלכע ווערט אַרויסגערופֿען דורך דעם קאַפּיטאַליסטישען אָרדנונג, ערשיינט אַם בעסטען נישט אין דעם פֿערקלענערען זיין צאָהל, נור אין דעם פֿערגיין פֿון זיין גוטע לאַגע און דיא זיכערהייט פֿון זיין עקזיסטענץ, אין דעם וואַקסען זיין

אַבהעניגקייט און אין פֿאָלקאָמענעם אונמאַכט פֿון זיין גאַנצען סטאַרען זיך צו ערגרייכען דורך זיינע אייגענע קרעפֿטען דעם אַמאָליגען ווערטה. דיא פּערזענליכע זעלבסט-הילפֿע, וועלכע דער קליינבירגער האָט אַ מאָל געלויבט, אַלעס אַ גרויסע לעבענס-חכמה, פֿערליערט יעצט אין זיינע אויגען דעם גאַנצען ווערטה; יעדער, ווער עס שלאָגט איהם דאָס פֿאָר, איז אַ פֿערהאַסטער, „מאַנישעסטערטשיק״ (אַ אַנהענגער פֿון פֿרייהען האַנדעל). אונטער דעם וואַקסענדען דרוקונג פֿון נויטה און דיא אונזיכערהייט פֿון דער עקזיסטענץ, איז דער קליינבירגער וואָס אַ מאָל מעהר גענייגט צו פֿאָדערען פֿון דיא רעגיערונג דאָס, וואָס ער קען נישט מיט זיינע אייגענע קרעפֿטען ערגרייכען, ד. ה. צו בעשאַפֿען מיטלען פֿיר דער עקזיסטענץ, וועלכע זאָלטען איהם פֿערזיכערט אַ רעטונג. און ווייל קיין שום מאַכט ביי דעם היינטיגען געזעללשאַפֿטליכען אָרדנונג קען דאָס ניט בעווייזען, ווערט אַלזאָ דער קליינבירגער דורך דער נויטהווענדיגקייט אַ אָפּאָזיציאָניסט (אַ געגנער) געגען יעדער רעגיערונג, ער בונטעוועט זיך.

דיא זעלבע אַרט פּראָדוקציע, וועלכע שטורצט אַריין דעם קליינבירגער אין דעם אבגרונד פֿון נויטה, צעררייצט און פֿערביטערט איהם, עפֿענט אויף די יועגען צווישען די איינצעלנע שטעדט און מאַכט, אַז נישט נאָר אין דיא פּאָליטישע צענטרעס, נאָר זאָגאַר אין קליינע פּראָווינציאָנעלע שטעדטלעך ערוואַכט זיך נעבען דעם לעבעדיגען פֿערנעמען זיך מיט די גמיננע זאַכען אַ פֿעראינטערעסירען זיך פֿיר דיא שטאַאַדט׳ס זאַכען. אויף אַזאַ אַרט וואַקסען טראָטץ דאָס פֿאַלען פֿון די קליינבירגער, די קרעפֿטען און דיא פֿערהעלטניססע פֿון דיא קליינבירגערליכע אָפּאָזיציע פֿון דיעזען לאַנד — זיי וואַקסען נאַטורליך נישט אין דער פּראָפּאָרציע צו דער אָפּאָזיציע פֿון פּראָלעטאַריאַט, נאָר אין דער פּראָפּאָרציע צו דער רעגיערונגס-קראַפֿט. דיא קליינבירגערליכע אָפּאָזיציע טרעט אַרויס צוליעב זיין עקאָנאָמיש-רעאַקציאָנערען כאַראַקטער אָפֿטס אין זעהר וואונדערליכע געשטאַלטען, בעשאַפֿענדיג אַ גרונד פֿיר דעם היינטיגען אַנטיסעמיטיזמוז און קלעריקאַליזמוז *). דאָרט אבער, וויא עס שטעהן געגען זיך צוויא פֿעלקער — נעמט דיא אָפּאָזיציע אָן דורכאויס אַ נאַציאָנעלען כאַראַקטער, בעזאָנדערס בייא דיא שוואַכערע נאַציאָן. יעדער ווידערשטרייט פֿון קלאַסען, אדער פֿון קאָנקורענטען, פֿעשאַרפֿט זיך און, ווערט מעכטיגער, ווען דאָס איז פֿעראייניגט מימ אַ נאַציאָנעלע אַבגעזאָנדערטהייט און אומוואַנדעלט דיא נאַציאָנעלע אונטערשיעד אין אַ נאַציאָנעלען קאַמפּף. דאָרט אבער, וויא דיא נאַציאָנעלע אונטערשיעדען ברענגען אַ פֿערפֿאָלגונג און אַ גרעסערערע עקספּלאָאַטאַציע איינער פֿון זייא, ערוואַכט זיך אַ שטאַרקע נאַציאָנעלע פֿיינדשאַפֿט, אין אַ גרעסערע שטופֿע בייא דיא קליינבירגער, וויא בייא דעם קאַפּיטאַליסט, ווייל דער ערשטער ליידעט מעהר, ער בעזיצט אַ קלענערע מעגליכקייט זיך צו וועהרען, אויך וויסענדיג אַ וואָסערע צרות עס קען אויף איהם ברענגען צו יעדער צייט דיא עקאָנאָמישע ענטוויקלונג,

*) דער קלעריקאַליזמוס ציעלט צו פֿערשטאַרקען דעם איינפֿלוס פֿון דעם קלער, דיא גייסטליכע.

איז ער גענייגט צו לייגען אַלעס אייף דער פֿיינדליכע בעפֿעלקערונג. געוויס, ווען דיא קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע וועט דוירען גענוג לאַנג, און דיא קליינבירגער וועלען זיך אין דער צאָהל פֿערקלענערען, און זייער אָפּאָזיציע וועט ווערען שוואַכער און זיך פֿערקלענערען. נאָר דערוויילע געפֿינט זיך דיא אָפּאָזיציע פֿון דיא קליינבירגער און רעכטען וואַקסען, בעזאָנדער אין אַזאַ לאַנד וויא קאָנגרעס-פּוילען, וועלכע זיי זיינען אַזוי אונמיטעלבאַר אריבער געשפּרונגען פֿון דעם פּויערשען נאַטורליכען ווירטהשאַפֿט *) צו דעם קאַפּיטאַליזמוז, און האָט אַזוי גיך ענטוויקעלט זיין אינדוסטריע. דאָ טרעפֿט נישט דער קאַפּיטאַליזמוז צאָהלרייכע און פֿיעל מיט קרעפֿטען קליינבירגער, וועלכע ער זאָל קענען איינשלינגען. דאָ דיא קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע, רופֿענדיג צום לעבען זעהר פֿיעל שטעדטיטשע איינוואָהנער און אַרויסשפּאַרענדיג פֿון דאָרף דאָס נאַטורליכע ווירטהשאַפֿט דורך דעם אויסאַרבייטען און איבערבייטען דיא סחורות, בילדעט נעבען דעם גרונד פֿיר זיך אויך אַ גרונד פֿיר דיא קליינבירגער, וועלכע וואַקסט גלייך מיט איהר צו אַ געוויסע שטופֿע פֿון דער ענטוויקלונג. מיר האָבען ריכטיגע אורזאַכען צו דענקען, אַז דיא זעלבסטהערשענדע צאַרישע רעגיערונג וועט נישט דוירען אַזוי לאַנג, ביז דיא שטופֿע וועט זיין עררייכט און ביז צו דער צייט וועט דיא קליינבירגערליכע אָפּאָזיציע רעגעלמעסיג זיך פֿערשטאַרקען.

כמעט מיט אַ גרעסער גרינגשעטצונג, וויא איבער דיא קליינבירגער, ריידען דיא געגנער פֿון דעם פּראָגראַם פּ. פּ. ס. איבער דיא אינטעליגענציע. נאָר אויך דיא שטעלט פֿאָר אַ קראַפֿט, וועלכע מען דאַרף נישט גרינגשעטצען. דאָס געזעלשאַפֿט בעדאַרף נישט נאָר אינזשינערען, פּריוואַט און שטאַדט אורזענדניקעס, לעהרער און דאָקטוירים, נאָר אויך צייטונג שרייבער און אַדוואָקאַטען, אום צו האַלטען זיין מעכאַניזם אין בעוועגונג. מיט דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע וואַקסט דיא טהעטיגקייט פֿון די פֿאַכען און זייער בעדייטונג פֿיר דעם עקאָנאָמישען לעבען. אויסער דעם קומט זייא אויס אַ וואַזשנע ראָללע אין דער פּאָליטיק. זייא בעזיטצען אַ מאָנאָפּאָל פֿון דער וויססענשאַפֿט אין דעם היינטיגען געזעלשאַפֿט און קענען קלאָהר פֿערשטיין דעם צוזאַממענהאַנג צווישען דיא ערשיינונגען פֿון דעם געזעלשאַפֿטיכען לעבען. זייערע אינטערעססען זיינען צו פֿערשיעדען, אַז זייא זאָלען אַליין קענען בילדען אַ בעזאָנדערע קלאַסע. אין אַללגעמיין שטעהען זייא אַמנעהנסטען צו דער בורזשואַזיע, זייא נעמען אָבער נישט, אַלס אַ קלאַססע, קיין אַנטהייל אין זייער קלאַססען-קאַמפּף. מיטגליעדער פֿון דער אונטעליגענציע קענען זיך אַלזאָ גרינגער פֿון דיא בורזשואַזיע אויפֿהויבען איבער דעם ענגען קלאַססען-האָריזאָנט און ווערען פֿאָרשטעללער פֿון די אַללגעמיינע פֿאָלקס אינטערעססען אָדער אייך פֿון אַ געוויסע טהייל פֿון פֿאָלק, וועלכע ערוואַכט אין זייא אַ בעזאָנדערעס מיטגעפֿיהל. די שטעדטישע אינטעליגענציע איז אַלזאָ אין דיא היינטיגע רייך׳ס די בעסטע קעמפּפֿער פֿיר

*) דאָס הייסט אַזעלכע, וועלכע אַרבייט נישט אויס צום פֿערקויפֿען.

דיא נאַציאָנעלע ציעלען ; אָפּט׳ס מאָל שטעלט זיא אויך צו גייסטליכע אַנ-פיהרער פיר דעם פאָלק אין זיין קלאַססען-קאַמפף (בעזאָנדערס אין דיא אַנ-פאַנגען פון די לעצטע, וויא לאַנג ער האָט אַ ריינעם אינסטינקטיוונעם כאַ-ראַקטער, אונוויסענדען), צוגעבענדיג זיי דורך דיא גרעסערע אויסדרוקונג פון דיא שטרעבונגען אַ גרעסער ענשיידענהייט אין קראַפט. שוין דורך דעם זעלבסט נעמען זייא שוין אָן אַ וויכטיגע ראָללע אין דער פּאָליטיק, נאָר נאָך שטאַרקער איז דיא אינטעליגענץ׳ס פּאָזיציע דאַנן, ווען זיי טרעטען אַרויס מאַססענווייז אין דער פערטהיידיגונג פון אַ געוויסער אידעע, ווייל זייא בילדען אַ גייסטליכען באַנד פון דער געזעלשאַפט און זיא ווירקט מעהר, וויא וועלכע אַנדערע רייהען פון דער זעלבער געזעלשאַפט, אויף דער עפענטליכער מיי-נונג, מאַכט דרייסט די הערשענדע קלאַססען אדער נעמט בייא זייא צו דעם מוטה.

סטייטש מ׳קען דאָך נישט צו מאַכען דיא אויגען אויף דעם, אַז דיא אינטעליגענציע אין פוילען ליידעט אַמשטאַרקסטענס אונטער דער רוססישער רע-גיערונג, אַז אויס נויטהווענדיגקייט איז זיא געצוואונגען אַנצונעמען די נאַציאָנעלע זאַכען צו וועלכע זיא איז שוין אַזוי אויך מעהר פון אַנדערע רייהען נייגבאַרער. דאָס געפיהל פון דער אינטעליגענץ, צוזאַממענטרעפענדיג זיך מיט דער נאַ-ציאָנעלער אָפּאָזיציע פון די קליינבירגער און מיט דעם אויפוועקענדען אונצו-פרידענהייט פון דער רוססישער רעגיערונג צווישען די בורזשואַזיע, מוז דער נאַציאָנאַלער בעוועגונג געבען אַזאַ קראַפט, וועלכע מיר קענען אין יעדען פאַל נישט גרינגשעטצען.

עס בלייבען איבער דיא פויערען. די האָבען ביז יעצט געבילדעט אָן אַ ספק דיא שוואַכסטע זייט פון דער נאַציאָנעלער בעוועגונג אין פוילען, פיללייכט נאָך אין אַ גרעסערער שטופע, וויא דיא בורזשואַזיע. דיא שלאַכטא איז געוועזען דעם פויערס נעהנסטער פיינד און וויא לאַנג זיא איז געוועזען דיא פאָרשטעללער פון די נאַציאָנעלע שטרעבונגען, דער פויער אויף וויפיעל ער האָט אין אַללגעמיין וועגען דעם געזאָרגט, האָט ער בעשטומט געמוזט זיין זייער פיינד. אויף דעם האָט זיך געשטיצט דער שלום צווישען פויער און צאַר, וועלכע די קאָסטען האָט געמוזט אויסהאַלען דיא שלאַכטא. צו קען מען זיך דען רעכטען, אַז דעם צאַר׳ס פריינשאַפט צו די פויערען, אָדער אַז דאָס צובינדינג פון די פויערען צו דעם צאַר וועט אייביג דויערען? די ער-שיינונגען מוזען פערשווינדען ווערען בייזאַממען מיט דער בעזאָנדערע היס-טאָרישע לאַגע, וועלכע האָט זייא אַרויסגערופען. דער צאַר האָט שוין נישט קיין אורזאַכע צו בעשענקען רעם פוילישען פויער מיט זיין פריינדשאַפט, פון דער צייט וויא דיא שלאַכטא איז געפאַלען, געוואָרען ניעדריג ביי זיך. דיא פינאַנסיעלע לאַגע פון רוססלאַנד וואָלטען איהם בשוועהרט אין אַ בעדויטענדע שטופע אַזאַ אַרט פריינדשאַפט. אַזויא פון דעם פוילישען, וויא אויך פון רוססישען פויער קוועטשט מען אויס אַלעס וואָס עס לאָזט זיך נאָר.

דערוויל קומט אָן אַ קריזיס אין דעם לאַנד ווירטהשאַפט : די רוססי-שע תבואות פערפלייצען ניט נאָר די דייטשע, נאָר אויך דיא פוילישע מאַר-

קען. דעם דייטשען לאַנד-ווירטה היטען אב די צאָלל׳ן פֿון דעם פֿערפֿליי-
צונג; דער לאַנד-ווירטה אין רוססיש-פוילען ניט נאָר, אַז ער בלייבט אָן
אַ שוטץ, נאָר אויך צוליעב דער אויסגעקלערטער ביטרער טאַריף-פּאָליטיק,
וויא אויך אַנדערע רעגיערונגס מיטלען ליידעט ער פֿון דעם רוססישען קאָנקו-
רענט. וואַהרשיינליך אַזוי וויא דיא בורזשואַזיע, אַזוי וועט זיך אויך דער
פויער אין פוילען ריכטיג איבערצייגען, וואָס דאָס איז אַזעלכעס ניט צו זיין
קיין בעל-הבית אין זיין אייגען הויז, נאָר אַ שקלאַף ביי אַ פֿרעמדען דעספּאָט.
און וואָס מעהר ס׳פֿערשאַרפֿט זיך דער קריזיס פֿון דעם לאַנד-ווירטהשאַפֿט,
דעסטאָ גרעסער מוז וואַקסען דער האַס פֿון דעם פוילישען פויער צו דער
רוססישער רעגיערונג. בעטראַכטענדיג דיא לאַגע פֿון דעם פוילישען פויער,
מוזען מיר שטעלען אַ פֿראַגע: צי וועט דער פוילישער פויער ווייטער אַלץ
בלייבען אַ שטאַרקער געגנער פֿיר דיא נאַציאָנאַלע בעוועגונג? צי מוז ער
ניט גלייך מיט דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג מעהר אינטערעסירען זיך פֿיר
דיא אונאַבהענגיגקייט פֿון פוילען?

ביי די אַללע פֿאַקטען זיינען מיר ווייט פֿון דענקען, אַז דיא נאַציאָנאַלע
בעוועגונג אין פֿוילען זאָל זיין אַ זאַך פֿון דער פֿערגאַנגענהייט, אָן שטאַרקע פֿונ-
דאַמענטען אין דעם היינטיגען לעבען, אַ זאַך וואָס זאָל גאָר זיין דערגעגען
מיט דער ריכטונג פֿון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג. נאַטורליך די טעאָרע-
טישע בעווייזען פֿון די געגנער פֿון דעם פּאָליטישען פראָגראַם פּ. פּ. ס. זיי-
נען ניט קיין הוילע אויסטראַכטונגען, זיי זיינען געשטיצט אויף אמת׳ע פֿאַקטען.
נאָר זיי זעהען אבער נאָר איין זייט פֿון די פֿאַקטען, וועלכע זייער ווערטח
שטעלען זיי פֿאָר אין אַ גוזמא, זיי בעטראַכטען אַלס אַ דויערהאַפֿטיגער צו-
שטאַנד, דאָס, וואָס איז נאָר פֿערבייגעהענדעס. די בעציהונגען, אויף וועלכע
זיי פֿעררופֿען זיך, האָבען אין דער ווירקליכקייט עקזיסטירט, אבער היינט
געפֿונען זיי זיך אין דער צייט פֿון פֿערגעהן. די קליינבירגער און די אינטע-
ליגענציע זיינען ניט אַזוי אונקרעפֿטיג, אַזוי וויא זיי ווייזט זיך אויס, און דיא
קראַפֿט פֿון די קלאַססען וועט גיכער וואַקסען, וויא שוואַכער ווערען; דיא
בורזשואַזיע און די פויערען געפֿונען זיך שוין באַלד אין אַ צושטאַנד, וועלכע
ס׳מאַכט פֿיר זיי דיא רוססישע רעגיערונג אונפֿערטרעגליך. צי האָט דער
ניט רעכט, וועלכער אויף דעם גרונד פֿון די פֿאַקטען דענקט, אַז אויף דער
חורבה פֿון דער אַמאָליגער שלאַכטעצקער בעוועגונג, וועלכע האָט געציעלט
צו דער אונאַבהענגיגקייט פֿון פוילען, נאָך אַ קורצע צייט ווייזט זיך אַרויס
פֿון דער געזעללשאַפֿטליכער ענטוויקלונג אַ נייע נאַציאָנאַלע פוילישע בעווע-
גונג, פֿיעל מיט קראַפֿט און לעבען.

וואַהרשיינליך אַזוי וויא די אינערליכע ענטוויקלונג פֿון פוילען, אַזוי
אויך איהרע אויסערליכע פֿערהעלטניססע לייגען גאָר ניט אָב דיא פוילישע
שטאַאַדט אַזש צו די צייטען פֿון אַ סאָציאַליסטישעס רייך. מיר וועלען דאָ אין
גאַנצען אויסמיידען דיא מעגליכקייט פֿון אַ וועלטס-מלחמה, וועלכע ברענגט
ניט איינמאָל גאָר אונערוואַרטעטע פֿערענדערונגען; מיר וועלען נאָר נעמען
דאָס, וואָס לאָזט זיך גרינגער פֿאָראויסזעהען. צווישען די עאָראָפּעישע רע-

גיערונגען איז רוססלאַנד טאַקי אַזעלכע, וועלכע איהר פּאָליטישע געביידע געפונט זיך אין דער גרעסטער אונפּאַססענדהייט מיט איהר געזעללשאַפטלי-כען אָרדנונג און מיט די בעדירפניססע פון דעם לעצטען, און וועלכע אַם מעהרסטענס פעהלט דאָס, וואָס זאָל זיין פעהיג לאַנגזאַם און אין אַ רוהיגען אַרט דאָס אַלץ אויסצוגלייכען. פון די עאָראָפּעישע רייך׳ן איז אַלזאָ קיינעס ניט אַזוי נאָהנט צו אַ פּאָליטישע רעוואָלוציע, וויא רוססלאַנד. אונמעגליך איז אָבער, אַז אונטער דער צייט פון אַ רעוואָלוציע אין רוססלאַנד זאָל ניט שטעהן אויפ׳ן טאַגעס אָרדנונג דיא פוילישע פראַגע און זאָל ניט פאָדערען אַ אויפלעזונג, נאַטורליך ניט אין דעם אַרבייטער, נאָר שוין אין דעם היינטי-גען „קלאַססען רייך״.

ס׳איז צוועקלאָז שוין יעצט צו נעמען קלערען איבער דעם, וואָס ס׳וועט פאָרקומען דאַנן, ווען ס׳וועט אויסברעכען אַזאַ רעוואָלוציע, צי דיא פעראייניגונג פון פוילען, צי גאָר אַ פאָרבעררייטונגס-שריט און אין דער ריכטונג; צי פוילען וועט שוין בלייבען אַ זעלבבטשטענדיגעס רייך, צי גאָר איהר בעציהונג צו רוססלאַנד וועט ווערען איינגעאָרדענט עהנליך, ווי נאָרוועגען צו שוועדען, אונגאַרן צו עסטרייך, אָדער גאָר קראָאַציע צו אונגאַרן. דאָס וועט זיך ווענדען פון דיא אומשטענדען. פון דער מאַכט, וועלכע ס׳וועט ער-רייכען ביז צו דער צייט דיא נאַציאָנאַלע בעוועגונג אין פוילען, פון די קרע-פטען, וועלכע די רעוואָלוציע צום נוטין אָדער אוננוטין פון דער זעלבסטשטענ-דיגקייט פון פוילען וועט אויפוועקען אין רוססלאַנד, ד. ה. פון אַזעלכע סיבות, וועלכע זיינען אונמעגליך יעצט אָבצושטימען. נאָר וועגען דעם געהט אונז נאָך יעצט ניט אָן, אונז געהט נאָר אָן, דעם בעוויז, אַז דיא פראַגע פון דיא אונאַבהענגיגקייט פון פוילען קען שוין אין דער אומגרעצונג פון דעם היינ טיגען געזעללשאַפטליבען אָרדנונג ווערען אַ געגענשטאַנד פון אַ זעהר רעאַלישע פּאָליטיק, און אַז דער פוילישער פראָלעטאַריאַט האָט אַלע אורזאַכען צו פער נעמען געגען איהר אַ געוויסע פּאָזיציע, ער קען אָבער ניט איהר אָבפּאַרטי-גען מיט אַ׳ן אַפּעלאַציע צו דער אַללגעמיינער סאָציאַלע רעוואָלוציע, וועלכע וועט אַלץ ברענגען אין אָרדנונג. אָבער וויבאַלד אַז דער פוילישער פראָלעטאַריאַט פערנעמט זיך מיט דער זאַך פון דער אונאַבהענגיגקייט פון פוילען, איז אויך אַזאַ אופן ניטאָ קיין ספק אַוואָסער ס׳דאַרף זיין זיין שטאַנד-פונקט. קיינער צווייפעלט ניט, אַז דעם פראָלעטאַריאַטס נצחון וועט בעפרייהען דאָס פוילישע פאָלק, אַז די אבהענגיגקייט פון פוילען וועט זיך ניט לאָזען פערגלייכען מיט די פרינציפּען פון אַ סאָציאַליסטישעס געזעלשאַפט. אַלזאָ ווען דער פראָלעטאַריאַט פערנעמט זיך מיט דער פוילישער פראַגע, קען ער זיא אַנדערש ניט בעהאַנדלען, וויא נאָר ערקלערענדיג זיך פיר דיא אונאַבהענ-גיגקייט פון פוילען, און מיט דעם אונטערשטיצענדיג אַללע שריטען, וועלכע קענען שוין היינט אין דער ריכטונג ווערען געטהון, אויך וויפיעל דאָס ו׳ט אין אַללגעמיין זיך לאָזען פערגלייכען מיט די קלאַססען אינטערעסען פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען קעמפפענדיגען פראָלעטאַריאַט.

דיא בעמערקונג מוזען מיר אָבער אין יעדענס פאַל מאַבען. דיא נאַ-

ציאָנאַלע אונאַבהענגיגקייט איז ניט אַזוי פֿעסט פֿערבונדען מיט די קלאַססען
אינטערעסען פֿון דעם קעמפּפֿענדיגען פּראָלעטאַריאַט, אום מיר זאָלען דאַר-
פֿען אונבעדינג צו איהר ציעלען, אין אַלע אומשטענדען, מאַרקס און ענגעלס
זיינען אַרויסגעטרעטען מיט דער גרעסטער ענטשיידונג פֿיר דער פֿעראייניגונג
און בעפֿרייהונג פֿון איטאַליען, יעדאָך האָבען זיי זיך ערקלערט אין יאָהר
1859 געגען איטאַליען, וועלכע האָט שלום געמאַכט מיט נאַפּאָלעאָנען.

דאָ בעגעגענען מיר דעם דריטען הויפּטאַרגומענט געגען די „סאָ-
ציאַל-פּאַטריאָטען״: דאָס שטרעבונג צו דער אונאַבהענגיגקייט פון פּוילען
קען איינשפּאַנען פּ. פּ. ס. אין דער בויד פֿון דעם קליינבירגערליכען נאַציאָ-
נאַליזמוז און פּאַראַליזירען איהר אנטהייל אין די פּראַקטישע קאַמפּפֿען, וועלכע
אין יעדען פֿון די דריי אָבטהיילונגען דאַרף זי קעמפּפֿען האַנד אין האַנד מיט די
גענאָססען פֿון אַנדערע נאַציאָנען. מיט דעם לעצטען פּונקט זיינען מיר פֿאָל-
קאָם איינפֿערשטאַנדען, אַז אין אַזאַ רייך, וועלכע בעשטעהט פֿון פֿערשיעדענע
בעפֿעלקערונגען, איז דאָס אַריינפֿיהרען נאַציאָנאַלע פּרינציפּען אין דער אָרגאַ-
ניזאַציאָן פֿראַגע און אין פּראָפּאַגאַנדא גענצליך ניט נוטצלוך פֿיר דעם קלאַ-
ססען קאַמפּף. דער סיסטעם „getrent marschiren — vereint schlagen“
(געהן בעזונדער — שלאָגען בייזאַממען) קען ביי געוויסע אומשטענדען גע-
בען גלענצענדע ערפֿאָלגע, נאָר דאָס איז אָבער שטענדיג פֿערבונדען מיט
דער פֿערשפּרייטונג פֿון דיא קרעפֿטען, און מאַכט שוועהר דאָס צענטראַליזירען
דיא אָרגאַניזאַציע, און ברענגט דיא מעגליכקייט צו מחלוקה׳ס, וועלכע קענען
זיין זעהר אונאַנגענעהמע, און זיי זיינען קיינמאָל ניט נוטצליך פֿור דער בע-
וועגונג.

אין דער הינזיכט בעטראַכטען מיר טאַקי ניט דיא סאָציאַל-דעמאָקראַ-
טישע אָרגאַניזאַצע אין עסטריך (* אַללס אַ אידעאַלישע. בעשטומט וואָלטען
מיר בעסער געוואָלט אַ צענטראַליזירטע אָרגאַניזאַציע, וויא אַ נאַציאָנאַלען
פֿעדעראַליזמוז. נאָר דאָ קומט פֿאָר אַ פֿראַגע, אויב אַזאַ אָרגאַניזאַציע איז
מעגליך און אויב די פּראַקטישע אויפֿגאַבען פֿאָדערן ניט טאַקי מעהר זיך צו
בענוטצען מיט די נאַציאָנעלע פּרינציפּען. וואָס מעהר דיא סאָציאַל-דע-
מאָקראַציע פֿערפֿעסטיגט זיך אין די מאַססען און וואָס מעהר זיא ווירקט אויף
די מאַססען און דורך די מאַססען, דעסטאָ שטאַרקער מוז זיך צווישען איהר
אויסצייכנען דיא נאַציאָנאַלע פֿערשיעדענהייט — אָן אונטערשיעד צי אָן דעם
„סאָציאַל-פּאַטריאָטישען״ פּראָגראַם, אָדער אויך מיט איהם.

מיר האָבען שוין איינמאָל בעמערקט, אַז דער מאַטעריאַליזמוז פֿון
די געגנער פון פּ. פּ. ס. פּראָגראַם צייכענט זיך אויס זעהר איינזייטיג; אַ
טהייל פֿאַקטען טרייבען זייא איבער, אַנטערע טוהען זייא גלאַט-אַזוי גענצליך
אויסמיידען. צו די לעצטע געהער אויך דיא שפּראַכע. דיא געזעלשאַפֿטליכע
פּראַדוקציאָן, דאָס גאַנצע געזעלשאַפֿטליכע לעבען איז אונמעגליך אָן אַ שפּראַ

(* דער עסטרייכישער קאָנגרעס (1897) האָט בשלאָסען דאָס פֿאָל-
קאָמענע זעלבסטשטענדיגקייט פֿון אַללע סאָצ. פּאַרטייהען אין עסטרייך: דייטשע,
בעהמישע, פּוילישע, זיד-סלאַווישע און איטאַליענישע.

כע. דאָס געזעלשאַפֿט און דיא שפּראַכע זיינען צו זיך פֿעסט צו געבונדען. דאָס נעהענטערע געמיינשאַפֿטליכע לעבען בילדעט דורכאויס אויך אַ געוויסע געמיינשאַפֿט (שותפות) פֿון דער שפּראַך; און פֿון דער צווייטער זייט, ווען עס פֿעהלט דאָס געמיינשאַפֿט פֿון, דער שפּראַך, איז דאָס איינע פֿון די גרעסטע שטערונגען פֿיר דער געזעלשאַפֿטליכער פֿעראייניגונג. אין דער בעציהונג צו פּוילען זעהען מיר דערפֿון אַרויס, אַז דאָס אונווירקזאַמקייט פֿון דער גערמאַניזאַציע וויא אויך פֿון דער רוססיפֿיקאַציע אין פּוילען איז אַ גענוגער בעווייז, וויא שוואַך און אָבערפֿלעכליך איז דאָס דיא „אָרגאַנישע“ בעהעפֿטונג פֿון פּוילען צו די שכנים׳דיגע לענדער, אויף וועלכע עס רופֿען זיך אָן דיא געגנער פֿון פּ. פּ. ס. פּראָגראַם, אויך דאָס, אַז דאָס געמיינשאַפֿט פֿון אַ שפּראַך בילדעט טראָטץ דיא צאָללגרענצען און דיא פֿערענדערליכע פּאָליטישע אויפֿגאַבען אין רוססלאַנד, דייטשלאַנד און עסטרייך — אַ שטאַרקערען קניפּ וויא דער געמיינשאַפֿטליכער אנטהייל אין דעם טאָג טעגליכען קאַמפּף. אָט דער מעכטיגער איינפֿלוס פֿון דער שפּראַכע-געמיינשאַפֿט, און נישט דיא פֿערלאַנגען פֿון די „סאָציאַל-פּאַטריאָטען“, נייגט די פּוילישע סאָציאַליסטען פֿון אַלע דריי בערוויבונגס-טהיילען צו איין טעהטיגקייט אין אַלע אינטערנאַציאָנעלע פֿראַגען, צום אַרויסטרעטען אויף די אונטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסען אַלס אַ בעזונדערע בעפֿעלקערונג, צום הערויסגעבען בשותפות „מאַיאָווקעס“ א. ז. וו. דאָס געמיינשאַפֿט פֿון דער שפּראַך מאַכט אויך, אַז אין דער פּראַקטישער אַגיטאַציע און זעלבען לאַנד ווייזט זיך אַרויס אָפֿטס מאָל שטאַרקער דער איינפֿלוס פֿון די פּוילישע גענאָססען פֿון די שכנים׳דיגע לענדער וויא דער איינפֿלוס פֿון די גענאָססען פֿון אַנדערע נאַציאָנען אין דעם זעלבען רייך. עס איז זעלבסט פֿערשטענדליך, פֿיר סאָציאַליסטען אין פּוזנע זיינען נעהנטער די בראָשורען און ציטונגען, וועלכע ווערען הערויסגעגעבען אין גאַליציען, און זייא מאַכען אויף זייא אַ גרעסערען איינדרוק, וויא די שריפֿטען אין ציי-טונגען. פֿון די דייטשע סאָציאָל-דעמאָקראַטען, וועלכע פֿיר דיא פּוילישע אַר-בייטער מאַססע זיינען זייא נישט פֿערשטענדליך, אויסער אין אַ איבערזעצונג. דאַס איז אויך נאַטורליך, אַז פֿיר דעם ליטעראַט אין קראָקע אדער אין לעמבערג איז וויכטיגער דאָס מיינונג פֿון פּויזנער אדער וואַרשעווער פּובליקום, וויא פֿון די לעזער אין גראַטץ אָדער וויען.

מיר מאַכען אויך נישט צו דיא אויגען אויף די שוועריגקייטען, זאָגאַר אויף דעם געפֿאַהר, וועלכע קענען פֿון אַזאַ צושטאַנד ענטשטעהן פֿיר דיא סאָציאַלישטישע בעוועגונג אין די דרייא רייכען, איבער וועלכע מיר ריידען דאָ, בעזאָנדער אין עסטרייך און אין רוסלאַנד, נאָר מיר פֿערשטעהען אבער נישט, וויא אַזוי קען מען פֿון דעם אויסקאָװען אַ בעווייז געגען דער אונ-אַבהענגיגקייט פֿון פּוילען. סטייטש נישט דאָס שטרעבונג צו דער אונאַב-הענגיגקייט, נאָר ווייל דאָס לעצטע פֿעהלט טאַקי, איז דאָס דיא אורזאַכע פֿון דעם נאַציאָנעלען פֿעדעראַליזמוז מיט זיינע שוואַכע זייטען. דער צושטאַנד בעווייזט זעהר דייטליך, אַז דער פּוילישער פּראָלעטאַריאַט קען נישט ענטוויק-לען אַלע זיינע קרעפֿטען אין דעם פּראַקטישען קאַמפּף און צו פֿיהרען זיין

אָרגאַניזאַציע צו אַ אָרדנונג, וויא לאַנג עס עקזיסטירט די צערטהיילונג פֿון פוילען, אַז דער פוילישער פראָלעטאַריאַט וועט ערשט געפֿונען אין דעם פֿער-איינינטען אונאַבהענגינען פוילען אַ פלאַץ, וועלכער איז איהם נויטווענדיג, אום זיך אויסצואַרבייטען אין דער רעגיערונג אַ איינפֿלוס, וועלכער זאָל זיין פאַסענד פֿיר זיין ענטוויקלונג ; אַז דיא פֿאָדערונג פֿון אַ אונאַבהענגיגעס פוילען איז אַלזאָ נישט קיין שפיעלעכ׳ל וואָס האָט קיין שום ווערטה נישט, נאָר אַ פֿאָדערונג, וואָס איז דורכאויס פראַקטיש און זעהר וואַזשנע.

יעדאָך צו וועט פּ. פּ. ס. צוקוממען צו דעם געפֿאַהר, אַרויסשטעלענ-דיג דעם פאָסטילאַט צו זינקען אין דיא בלאָטע פֿון דעם קליינבירגליכען נאַ-ציאָנאַליזמוז ? דאָס געפֿאַהר עקזיסטיערט אָן אַ ספק. נאָר מיר מוזען אבער האָבען אַזוי פֿיעל צוטרויען צו אונזער פאַרטהיי, אום נישט צו צווייפֿלען, אַז זייא איז גענוג שטאַרק צו בעקעמפּפֿען די אַללע געפֿאַהר׳ן, וועלכע עס ברענגט מיט זיך דאָס פראַקטישע לעבען. די גוטע מידות, וועלכע קענען נאָר עקזיסטירען אין זעלטענע אויסגענייממענע פֿאַללען, איז קיין שמעק טאַ-באַק נישט ווערטה. דאָס געפֿאַהר וואָס שטאַמט פֿון דעם, איז נישט גרעס-סער פֿון דעם געפֿאַהר, וועלכעס קומט אַרויס פֿון דעם קאַמפּף וועגען יע-דער אַנדערע פֿאָדעררונג, וועלכע פֿערבינד אונז מיט דער שטעדטישער דעמאָ-קראַציע.

ווען דיא סאָציאַל-דעמאָקראַציע וועט ערפֿילען איהר חוב, איז דאָ גאָר נישטאָ וואָס מורא צו האָבען פֿיר דעם שעדליכען איינפֿלוס פֿון דעם פֿאָדערן דיא אונאַבהעניגקייט פֿון פוילען, שוין דורך דער אורזאַכע, אַז דיא סאָציאַליס-טישע אַגיטאַציע פֿיר דיא נאַציאָנעלע אונאַבהעניגקייט מוז זיין גענצליך אַ אַנדערע, וויא דיא אַגיטאַציע פֿון דיא שטעדטישע דעמאָקראַציע. זיא איז ריין פֿון שאָוואָניזמוז. פּ. פּ. ס. האָט בעוויזען, אַז זיא פֿעראינטערעסיערט זיך אַזוי גלייך מיט דער אינטערנאַציאָנעלער סאָלידאַריטעט פון פראָלעטאַריאַט, אַזוי וויא דיא סאָציאַלדעמאָקראַציע פֿון יעדען אַנדערען לאַנד. דיא נאַציאָנאַל-פֿעדעראַליסטישע אָרגאַניזאַציע פֿון אונזער פאַרטיי אין עסטרייך — קען ברענ-גען נישט איין אונבעקוועמליכקייט, נישט איין אונפֿערשענדליכקייט, וועלכע עס וואָלט גרינג געוועזען אויסצומיידען בייא איין אָרגאַניזאַציע, נאָר דיא בעציהונג פֿון דעם גאַליציאַנער בעוואוסטען פראָלעטאַריאַט צו אַנדערער פראָ-לעטאַריער אין עסטרייך זיינען דיא הערצליכסטע און מ׳קען גאָר וועגען דעם נישט ריידען, אַז דאָס שטרעבונג צו דער אונאַבהענגיגקייט פֿון פוילען זאָל קענען מיט עפּעס שאַדען אויף דיא בעציהונג.

אבער דיא סאָציאַל-דעמאָקראַציע טרעט ארויס אין אַלע פֿאָדערונגען, וועלכע פֿערבינדען איהר מיט דער שטעדטישער דעמאָקראַציע — קריטיש. זיא מוז אויך ביי דעם אַלעם בעצייכנען דאָס אָרימקייט פֿון די פֿאָדערונגען — אַזוי פאָליטישע פֿרייהייט, וויא אויך דיא נאַציאָנאַלע אונאַבהענגיגקייט. אַ איינצעלנער אַגיטאַטאָר קען אין א אונאייניגען אַרט מיט דעם גייסט פֿון אונזער פאַרטיי אדער מיט דער צייט וואָס איז פונקט מיט איהם דערגעגען —

איבערטרייבען דיא בעדייטונג פֿון דער אדער אַ אַנדערע פֿאָדערונג, וועלכע מיר שטעלען. ער קען פֿערשפרייטען אַ פֿערבלענדעניש וועגען דיא ערפֿאָלגע פֿון דעם אַלגעמיינעם וואַהל-רעכט, דעם אַכט'שעה'דיגען אַרבייטס-טאַג, אַלזאָ אויך פֿון דיא נאַציאָנאַלע אונאַבהענגיגקייט — זיינען אויך אַ פֿערבלענדעניש, וועלכע פאַססען מעהר פֿיר שטעדטישע רעפֿאָרמאַטאָרען, וויא פֿיר רעוואָלו-ציאָניסטען פֿון דעם פראָלעטאַריאַט. אבער עס מוז אַזוי נישט זיין דוקא, אבער דאָס איינע געלעגענהייט, אַז עס קען אַזוי זיין, איז דאַכט זיך נישט קיין בעוויז אַוועק צו וואַרפֿען אַ געוויסע פֿאָדערונג. זאָגאַר דיא געגנער פֿון פ. פ. ס. פראָגראַם שרייבען נישט צו דעם פֿאָרוואורף, וועלכע איז גענוממען אַבגעטהיילט פֿון אַנדערע, קיין גרויסע בעדויטונג, ווען מיר זאָלטען נישט געדענקט, אַז טאַקי אין דעם פונקט דאַרף מען זוכען דיא וויכטיגסטע, נאַטורליך נישט קיין טעאָרעטישע, נאָר דיא פסיכאָלאָגישע אורזאַכע פֿון דעם אונ'חשק געגען דער אידעע פֿון דיא אונאַבהענגיגקייט פֿון פוילען. אויף וויפֿיעל מיר קענען אַרויסנעמען פֿון אייניגע לוויזע שטעלען, דאַכט זיך אונז אויס, אַז נישט איין פוילישער סאָציאַליסט פֿון זאָרג, אַז מען זאָל איהם נישט האַלטען פֿאַר צו וועהניג נאָציאָנאַליסט און אַז ער זאָל זיך נישט אונטער געבען דעם קליינ-בירגליכען נאַציאָנאַליזמוז, גיט ער צופֿיעל נאָך די נאַציאָנעלע פֿראַזען און די פֿערבלענדענישען. דאָס האָט געקענט אַרויסרופֿען אַלס רעאַקציע אַ אַנדערע ריכטונג. יעדאָך וויא באַלד דיא ריכטונג לאָזט זיך נישט בעניגען מיט דער קריטיג אין דער זעלבער פֿאַרטיי, נאָר ערקלעהרט, אַז דאָס ריינקייט פֿון דיא פאַרטיי פרינציפען איז אין אַ געפֿאַהר, און עס טהיילט פֿערנאַנדער דיא פֿאַרטיי, פֿערלאַנגענדיג פֿון פראָלעטאַריאַט, אַז ער זאָל זיך ענטזאַגען נישט נאָר פֿון דיא נאַציאָנאַלע אונאַבהענגיגקייט, ד. א. דער גרונד, אויף וועלכען ער וואָלט געקענט פֿאָלקאָם ענטוויקלען זיינע קרעפֿטען, נאָר אַז ער זאָל זאָ-גאָר בעקעמפֿען יעדער אַנשטרענגונג, וועלכע קען זיין אַ טריט צום ערוי-בען דיא נאַציאָנאַלע אונאַבהענגיגקייט, אויף אַזאַ אַרט איז דיא ריכטונג ווירק-ליך פֿרייה פֿון דעם געפֿאַהר צו זינקען אין דעם קליינבירגליכען נאַציאָנאַליז-מוז, אבער דערפֿאַר ציהט ער אויף זיך אַ גרעסער געפֿאַהר — צו דיענען די הענקער פֿון פוילען.

דיא אַנטינאַציאָנעלע פוילישע סאָציאַליסטען, וועלכע ווילען זיך בעס-סער אַנשטרענגען אין דעם געפֿאַהר צו העלפֿען דעם צאַר, וויא אויף דעם געפֿאַהר אונטער צו שטוצען דיא קליינבירגליכע דעמאָקראַציע, דערמאָנט אונז אייניגע ענגלישע סאָציאַליסטען, וועלכע, אָנרופֿענדיג זיך אויפֿ'ן מאַטע-ריאַליזמוז און אויפֿ'ן מאַרקסיזמוז, האָבען געגעבען זייערע שטוממען פֿיר די קאָנסערוואַטיסטען, אום נישט צו בעפֿלעקען דאָס ריינקייט פֿון זייערע פרינצי-פען מיט דעם שטעדטישען ראַדיקאַליזמוז. דיא ערפֿאַהרונג פֿון די ענגלישע סאָציאַליסטען דאַרף דאַכט זיך נישט אָנמאַכען קיין חשק די פוילישע גענאָס-סען צו אַזאַ עהנליכען עקספערעמענט (פראָבע) אויף אַ גליטשיגען גרונד פֿון דעם רוססישען אַבסאָלוטיזמוז.

אַלזאָ פֿון וועלכען שטאַנד-פונקט מיר וועלען אַ דורכקוקען דיא פֿראַגע

פֿון דיא אונאַבהענגיגקייט פֿון פוילען, וועלען מיר קיינמאָל נישט געפֿונען די אורזאַכען, פֿיר וועלכע די פוילישע סאַציאַליסטען זאָלען דאַרפֿען ווידערהאָלען דעם אויסגעשריי „Finis Poloniae“ (אַ סוף פֿון פוילען) און זיך צו ענטזאַגען אין זייער טהעטיגקייט צו שטרעבען צו אַ אונאַבהענגיגעס פֿאַטערלאַנד.



Printed and published by J. Kaniowski, 67 Colworth Road, Leytonstone, London N. E.